# געזאנגען
# פאר מיין
# פאָלק

## מוזיק פון אַדאָלף מאן

Published by
ADOLPH MANN
Lake Elsinore, Calif.

Price $1.00

From the Library of
Stan Bunyan

# INDEX

# A TREIST NIGUN

(A PLAINTIVE CHANT)

ANDANTE

Music by ADOLPH MANN

Fm Edim Fm Bbm

Fm Bbm Fm Bbm Eb7

Ab Fm Ab Ab Db

Ab Db Fm Bbm Eb7

Ab Bbm F7 Bbm C7

F F7 Bbm F7 Bb C7

Fm C9 Fm Eb Eb7

Eb Bb7 Eb Bbm Eb7

Ab Fm Bbm Fm F7

Bbm Edim Fm Db Bbm Bdim C7 Fm

א. סוצקעווער

# דאָס ייִנגל פֿון אײַזן

. . . אַן אויסגעבריענטער שוואַרצער מגן־דוד
אויף זײַן שטערן,
די האָר ווי קאָלטנס קראָפּעווע,
די אויגן — אײַז אין פֿרילינג,
און אויסגעשטאַרצטע גלעלע ריפּן אונטער לעכער, שמאַטעס,
אײַלט אַ ייִנגל, טראָגט זיך מיטן קעניגסבערגער שליאַך,
אָנגעלענט אַן סוקעוואַטן שטעקן.

ברייטע ווערבעס דאַפּלען זיך אין וואַסער.
קאָרנבלימלעך לאַקן דורך די זאַנגען —
און דאָס ייִנגל, אָנגעלענט אַן שטעקן,
אײַלט פֿאַראויס,
ווי ניט פֿאַר אים די וואָקסעכץ.
בלויז פֿון צײַט צו צײַט
ער טוט דעם קאָפּ אַ וואָרף אַהינטער,
ווי אַ פֿויגל פֿאַרשנדיק, ווי ווײַט איז נאָך דער שטורעם:
אים דאַכט זיך נאָך, מע יאָגט . . .

— זאָג מיר, קינד, וואוהין איז דײַן געאײַל,
צי וואַרט אויף דיר אַ שטוב, אַ טאַטע־מאַמע?

בלײַבט ער שטיין פֿאַרגליווערט אויף אַ ווײַל,
ווי ס'וואָלט די וועלט פֿאַרפֿילט אַ ליקוי־חמה:

— כ'האָב קיינעם ניט . . .
מע זאָגט, אין ווילנע איז אַ שול פֿאַראַנען,
אײַל איך דאָרטן,
ס'איז נאָך ווײַט פֿונדאַנען? —

שטעלן מיר זיך ביידע אויף אַ באַרג
און כ'ווײַז אים אָן, וואוהין צו שפּאַנען.

הייבט ער אונטער גאָר די וועלט אין טאָרבע,
און ער לאָזט נאָך אײַליקער זיך גיין
דורך שטאָק און שטיין.

שריי איך אים פֿון ווײַטן:
—ייִנגל, ייִנגל,
און דו אַליין
פֿונוואַנען ביסט, פֿונוואַנען? —

צינדן זיך ווי צונטער
זײַנע קנײַטשן,
די אויגן נעמען שמעלצן בלויען גאָלד,
און פֿונעם ליפּן־ווינקל טוט אַ שטאָלצקייט זיך באַווײַזן:

— פֿונוואַנען בין איך, האַ?
איך בין פֿ ו ן א ײַ ז ן!

# DOS YINGL FUN EIZN

## (THE BOY MADE OF IRON)

rds by A. SUTSKEVER | Music by ADOLPH MANN

Dm A7 Dm
An ois-ge-bren-ter shvart -zer mo - gn Do -vid oif zein shtern dee

F C7 F
hor vee kol - tns kro - pe - ve dee oy - gn eiz in free - ling oon

Dm C dim Dm Bb A7
ois - ge - shtarrz-te ge - le ri - p'n oon -ter le -cher shmates

Gm Bb A A7
eilt a yeen- g'l trogt zich mit'n ke -nigs- ber- ger shliach on- ge-leynt on

Dm A7 Dm Gm
soo - ke - va - t'n shtek'n brei- te ver- bes top - len zich in

A7 Dm Bb C7 F
va - ser ko - r'n bleem - lach lo - kn durch di zang'n oon dos

Dm Gm A7
yeen - g'l on - ge - lent on shte - e - kn eilt for-

Gm C7 F Dm Gm
ois vee nit far y - yh - m di vak -sechtz bloyz foon tsait tzu

Dm Gm A7 Gm A7
tsait er toot dem kop a vorf a - heen - ter vee a foy -g'l

Gm A7 Bb Abdim A Gm
forsh en dik vi - - vait yz noch der shtoorm yhm dacht zeech. noch men

A Dm Gm A C7
yogt zog mein kind voo- heen yz dein ge-ail tsi s'vart of dir a shtoob a ta-te

F Dm A7 Dm Bb
ma - me blaibt er shtein far - gli - vert of a - vail vee s'volt di velt far

E7 A D Cm

filt a lik - ve cha - me chob kei -nem nit men zogt in Vil-ne

Gm D Gm E7

eez a shool fa - ra - nen ayl ich dor - t'n s'yz noch vait foon

E7 A Dm Gm

da - - - nen shte - ln mir zich bei - de of a

Dm Bb C7 A7

barg un chveiz yhm o - on voo - oo-heen tzu shpa - nen

Dm Bb A7 Dm

hoybt er un - ter gor di velt in to - or - be con er lozt noch

Bb7 A Gm A

ay - li - ger zich geyn doorch shto- o - ok oon shtein

D D7 F♯dim

shra - a - ay ich yhm foon vei - t'n yeen-g'l yeen -g'l oon doo a - ley - nd

Gm A

foo - oon va - nen beez - tu - u foon va - a - nen - - - - - - - tseen-dn

Dm Bb A7

zich vee tsun - ter zei - ne ti - fe kne - ei - tshn - - - - - - - - oon di

Gm C7 F

oy - gn ne - mn schmeltzn blo - en gold - - - - - - - - - - - oon

Dm Dm A7 Dm Gm

foo - oons li - p'n vın - kl toot a shtoltz-keit zich ba -vei -zn foon

Gm Dm A7 Dm

va - nen bin ich ha? ich bin foon ei - - zn.

# FOLKS TON

(FOLK SONG)

ords by K. FRIEDMANN

Music by ADOLPH MANN

Fm C7 Fm Ab
oyf dem po - nim shar-fe bla-as -keit oon dee

Db Ab Eb7 Ab Eb7
blee - kn • troi-men shve-e-bn poor-poor li - pn

Ab Bbm7 C C7 Eb
tsei- ner pe - rl s'iz dee shen - ste bloom foon

C Ab Eb7 Fm
le - bn poor-poor li - pn tsei -ner pe - rl

C7 Fm
s'yz dee shens - te bloom foon le - bn - - - - - -

Edim Fm Ab
sa -met lo - kn pal - men shla-an -keit oon der

F7 Bbm Db
gang vee foy - g'l shve-e-bn him -m'l teef - keit

Eb7 Ab Eb Bbm Eb7
in dee oy - gn seez dee shens - te bloom foon

Ab Db Ab Db Fm
le-e-bn him -m'l teef - kait in dee oy - g'n

C Fm C7 Fm
s'yz dee shens - te bloom foon le - bn - - - - -

קלמן פרידמאַן

# פאָלקס־טאָן

אויף דעם פנים צאַרטע בלאַסקייט
אין די בליקן טרוימען שוועבן
פורפור ליפן, ציינער פערל
ס'איז די שענסטע בלום פון לעבן

סאַמעט לאָקן, פאַלמען־שלאַנקייט
און דער גאַנג ווי פויגל שוועבן.
הימל טיפקייט אין די אויגן
ס'איז די שענסטע בלום פון לעבן.

און דאָס קול'כל זיס און ליבלעך,
ס'שענסטע ליד נאָר אויסצואוועבן
מאָרגן פרישקייט טיף אין האַרצן,
ס'איז די שענסטע בלום פון לעבן.

# ES HOBN NIT BLUM'N

(THERE WERE NO FLOWERS)

Words by K. FRIEDMAN

Music by ADOLPH MANN

F Dm
Es ho -bn nit blu- m'n ba - vak - sn dem veg mir ven

G A G m
chob zich in le - bn ge - lozt - - - - - es hot nor a

F Bb
gloi - bn ge - brent in main her -tzn vos hot meech nit kein-mol far-

A Gm Dm Bb
lozt - - - - es hot nor a gloi - bn ge -brent in main her -tzn vos

F Cm A Bb
hot meech nit kein - mol far - lozt - - - - - - - oon voo nor es

C#m Dm Bb Gm Bb7
hot meech der le - bn ge - tri -b'n hot alts meech der gloy - bn ba-

A7 D7
gleit - - - - - - - oon bin ich ge - vo - rn foon vog - len far-

Gm C7 C9 F
ma - tert, hot er meech dee koy-ches ba - nayt - - - - - - - - - - - oon

D7 Gm C7
bin ich ge - vo - rn foon vog - ln far - ma - tert hot er mich dee

1. 2. F
koi ches ba - nait - - - -- es gloi - bn ba - shaint - - - - - -

קלמן פרידמאַן

# עס האָבן ניט בלומען

עס האָבן ניט בלומען באוואקסן מיין וועג מיר
ווען כ'האָב זיך אין לעבן געלאָזט.
עס האָט גאָר אַ גלויבן געברענט אין מיין האַרצן
וואָס האָט מיך נים קיינמאָל פאַרלאָזט.

און וואו נאָר עס האָט מיך דער לעבן געטריבן
האָט אַלץ מיך דער גלויבן באַגלייט.
און בין איך געוואָרן פון וואָגלען פאַרמאַטערט
האָט ער מיר די כחות באַנייט.

און העל האָט געוועבט מיר דער גלויבן אַ צוקונפט
אזוי ווי מיין האַרץ האָט באַגערט;
די טרוימען די שענסטע פון ראַשיקן לעבן
צו מיר האָבן אַלע געהערט.

איצט גיי איך אין לעבן אַ מונטערער, שטאָלצער
מיט פרייד איז באַשטראַלט מיר מיין בליק
און ס'ווייזט מיר דער גלויבן אַלץ ווייטער די וועגן
וואָס פירן צו פרייהייט און גליק.

# ZOOMMER NACHT

Words by K. FRIEDMAN (SUMMER NIGHT) Music by ADOLPH MANN

C
Ge - ve - zn dee nacht eez a shtee-le alts eez far

G7
zoon- ken in dree - ml es ho - bn nor shte - rn be-

C G7 C
loich - tn dem tee - fn far -dun - kel - tn hee-eeml

Am E7
oon er- g-ets foon vait hot ge-hert zeech an

Am G7 C E7 A7
oo - me - tıg benk- shaft ge - zang oon teef hot in

Dm G7
har - tsn ge -ent - fert foo. lee - be a tsar - ter far-

C Am E7
lang oon bald hot a troim zich a he - ler

A G7 C E7
ge- vebt foon dem hart- ts'n fer -lang oon

A7 Dm G7
shteel hot a men -shli-che hof- noong ba- gleıt dos faı-benk -te ge-

C
zang ge - ve - zn dee nacht eez a shtee-le

G7 G7
alts eez far- zoon-ken ın dree - m'l es ho - bn noor shte-rn be-

C G7 C
loich -tn dem tee fn fer -doon-kel -tn hee- ee - ml.

קלמן פרידמאַן

# זומער־נאַכט

געוועזן די נאַכט איז אַ שטילע,
אַלץ איז פֿאַרזונקען אין דרימל,
עס האָבן נאָר שטערן באַלויכטן
דעם טיפֿן פֿאַרטונקעלטן הימל.

און ערגעץ פֿון ווייט האָט געהערט זיך
אַן אומעטיק בײַנקשאַפֿט געזאַנג,
און טיף האָט אין האַרצן געענטפֿערט
פֿון ליבע אַ צאַרטער פֿאַרלאַנג.

און באַלד האָט אַ טרוים זיך אַ העלער
געוועבט פֿון דעם האַרצנס פֿאַרלאַנג,
און שטיל האָט אַ מענטשלעכע האָפֿנונג
באַגלייט דאָס פֿאַרבײַנקטע געזאַנג.

# MEIN GANTZER FARMEG'N

Words by K. FRIEDMAN — (MY FORTUNE) — Music by ADOLPH MANN

Moderato

Mein gan -tser far- me - g'n a shtroye - ner koi-shl, ge-floch- tn foon

po -yer - she hent; - - - - - - - - - - oon et - li - che bil - der foon

al - te cha - vei - rim vos tsee - rn foon shtee- b'l dee vent - - - - -

- - - - oon vent - - - - - - - - - - - - - - mein velt iz a ti - shl mit

bee-cher ba - vor - f'n, mein be - tl foon troi- mn dos land - - - - -

- - - - dee fraint mei - ne zei - nen tsvei shtoo- ln far- shto-b - te far-

rikt in a vin - kl baim vant - - - - - - - - - - - dee freint mei - ne

zei - nen tsvei shtoo-ln far- shtoib- te far - rikt in a vin - kl beim

vant - - - - - - - - - - - mein got iz a mei - dl mit lich - ti - ke

oi - gn, mein tfi - le foon lee - be dos leed - - - - - - - - - oon

s'glik meins der sod foon dee shti - le far -nach- tn vos zoon licht main

shtee -bl ba - glikt - - - - - - - - oon shtee- bl ba - glikt. - - - -

קלמן פֿרידמאַן

# מיין גאַנצער פֿאַרמעגן

מיין גאַנצער פֿאַרמעגן אַ שטרויענער קוישל
געפֿלאָכטן פֿון פּויער׳שע הענט,
און עטלעכע בילדער פֿון אַלטע חברים
וואָס צירן פֿון שטיבל די ווענט.

מיין וועלט איז אַ טישל מיט ביכער באַוואָרפֿן,
מיין בעטל — פֿון טרוימען דאָס לאַנד.
די פֿריינט מיינע זיינען צוויי שטולן פֿאַרשטויבטע
פֿאַרוקט אין אַ ווינקל ביים וואַנט.

מיין גאָט איז אַ מיידל מיט ליכטיקע אויגן.
מיין תּפֿילה — פֿון ליבע דאָס ליד,
און ס׳גליק מיינס — דער סוד פֿון די שטילע פֿאַרנאַכטן
ווען זון־ליכט מייז שטיבל באַגליט.

# FARNACHT

## (EVENING)

Words by K. FRIEDMAN

Music by ADOLPH MANN

der him - m'l foon oy - b'n a mee - der oon bla - ser, fer-

ma - tert foon heets vos dee zoon hot tsoo - gleet, hot

shtil, oon fer - cho - lemt in' yam zeech ge - shpee - glt oon

tsart mit dee ve - ln in tents zich ge - shpilt - - oon

er - gets foon wai - tn koim soig ken der - grai - ch'n voo

him - m'l oon va - ser geest oif zeech tsu - za - men, tsint

on zeech a fa - yer foon roit - li - che shtra - ln oon

s'fla - kert bald oif dort der him - m'l in fla - men oon

lang- zam balt hoibt zeech dos va - ser on doonk - len der

him - m'l tsoo bis - lach vert choi - shech oon shvartz oon

shtee - el nor tsvee - shn dem him - m'l oon va - ser zeech

ma - tert in benk - shaft an e - len - des hartz - - - - .

קלמן פרידמאַן

# פאַרנאַכט

דער הימל פון אויבן אַ מידער און בלאַסער,
פאַרמאַטערט פון היץ וואָס די זון האָט צוגליט,
האָט שטיל, און פאַרחלומט אין ים זיך געשפּיגלט
און צאַרט מיט די וועלן, אין טענץ זיך געשפּילט.

און ערגעץ פון ווייטן, קוים ס׳אויג קען דערגרייכן
וואו הימל און וואַסער גיסט אויף זיך צוזאַמען,
צינדט זיך אָן אַ פייער פון רויטלעכע שטראַלן
און ס׳פלאַקערט באַלד אויף דאָרט דער הימל אין פלאַמען.

און לאַנגזאַם באַלד הויבט זיך דאָס וואַסער אָן טונקלען,
דער הימל צו ביסלעך ווערט חושך און שוואַרץ.
און שטיל נאָר צווישן דעם הימל און וואַסער
זיך מאַטערט אין בענקשאַפט אַן עלנדעס האַרץ.

# ES SHVIMT OONDZER SHIFL

Words by K. FRIEDMAN (OUR BOAT IS AFLOAT) Music by ADOLPH MANN

Allegretto

Es shvimt oond-zer Shi - fl oif ya - men oif brei -te oon vait eez der
ve -eg vos feert tsoo eer tseel nit ein -mol noch ve - ln dee broi-zee - ke
chva-lies zeech shpee- ln mit eer in a goi - sem - de shpeel nit
ein-mol noch ve - ln dem veg eer far-shte - ln feel eenz - len halb
vil- de mit shkla-fn be - voint oon biz zee vet ma - chn dem veg a ba-
frai -tn far-blai -bn dort hen- ker als her-sher ge - kroint oon biz zee vet
ma-ch'n dem veg .a ba- frai -tn far-bla i - bn dort hen-ker als her -sher ge-
kroint nor ve - feel es zo - l'n dee chva-lies eer var - fn dee een-zlen dee
vil- de far-shte-ln dem weg, vet doch oond-zer shi- fl zich shvi- men alts
vai - ter oon fort zeech der-shvi-men tsoom leech-ti - kn breg.

קלמן פרידמאַן

# עס שווימט אונדזער שיפּל

עס שווימט אונדזער שיפל אויף ים׳עז, אויף ברייטע,
און ווייט איז דער וועג וואָס פירט צו איר ציל;
ניט איינמאָל נאָך וועלן די ברויזיקע כוואַליעס
זיך שפּילן מיט איר אין אַ גוטסדיק שפּיל.

ניט איינמאָל נאָך וועלן דעם וועג איר פאַרשטעלן,
פיל אינדזלען האַלב ווילדע מיט שקלאַפּן באַוואוינט;
און ביז זי וועט מאַכן דעם וועג אַ באַפרייטן,
פאַרבלייבן דאָרט הענקער אַלס הערשער געקרוינט.
און ביז זי וועט מאַכן דעם וועג אַ באַפרייטן,
פאַרבלייבן דאָרט הענקער אַלס הערשער געקרוינט.

נאָר וויפיל עס זאָלן די כוואַליעס איר וואַרפן,
די אינדזלען, די ווילדע פאַרשטעלן דעם וועג.
וועט דאָך אונדזער שיפל זיך שווימען אַלץ ווייטער
און פאָרט זיך דערשווימען צום ליכטיקן ברעג.

# TSEE'N ZICH MACHNES

## (REFUGEES ON THE ROAD)

rds by K. FRIEDMANN — Music by ADOLPH MANN

Am F C
Tsee -yen zeech mac-nes far tri-be - ne, oif zam - di - ke ve - gn far

G7 C E7 Am F D7 Dm6 E
blu-tik- te, in har - tsn dem vei foon ge - shen-de - te, mit

Dm Ebdim E Am
shrek in dee be - ten-de oi - gn dee kin - der tsoo ma-mes ge-

Am F C G7 C E7
too-lie-te, dee ma -mes foon vog-ln far - ma-ter - te, oon

Am F D7 Ebdim E Am B E7
ta - tes far-bleicht foon ye- soo - rim, foon vei- tog in drei - yen ge-

Am E F G7 C
boi - gn. oon shlen-glen tsoom him - m'l zeech vo - ol-kns roich, dee

C G G7 C Am
he - li-she fla - men foon fa - a-yer brand, foon hei - mi- she shtet- lach far-

D7 G Am E Am
sar-fe- te, ba - gree - sn dee mach-nes foon der - vai - tn oon

Am C G7 C Am F
e - mit-ser tzvish-n dee vog-len - de, a graiz gro-er zo- kn an

D7 G C Dm B7
al-tin - ker, er treist alts dee mach - nes far - tri-be - ne, oon

E E Am
hoft noch oif be-se- re tsei - tn, oon hoft noch oif be-se-re tsei - tn.

קלמן פרידמאַן

# ציִען זיך מחנות פאַרטריבענע

ציִען זיך מחנות פאַרטריבענע
אויף זאַמדיקע וועגן פאַרבלוטיקטע,
אין האַרצן דער ווײ פון געשענדעטע
מיט שרעק אין די בעטנדע אויגן.

די קינדער צו מאַמעס געטוליעטע,
די מאַמעס פון וואָגלען פאַרמאַטערטע,
און טאַטעס פאַרבליִכט פון יסורים
פון ווײַטיק אין דרייען געבויגן.

עס שלענגלען צום הימל זיך וואָלקנס רויך,
די העלישע פלאַמען פון פייער־בראַנד;
פון היימישע שטעטלעך פאַר׳שרפה׳טע
באַגריסן די מחנות פון ווײַטן.

און עמיץ צווישן די וואָגלענדע
אַ גרייז־גרויער זקן, אַן אַלטינקער,
טרייסט אַלץ די מחנות פאַרטריבענע
און האָפט נאָך אויף בעסערע צייטן.

# AMERIKE

(AMERICA)

ords by Z. WEINPER

Music by ADOLPH MANN

MODERATO

C F G7 C
Too-rem trogt a too- rem oi -fn roo - k'n verst nit

Am D7 G
meed oif zey tsoo koo - kn - zei der

C F C G7
mo - nen Va -shing- to - nen Dzshe-fer-

C G Am D7 G
so - nen oon noch ve - men?

March Tempo

C F A7 Dm
Lin - koln oon Roos -velt oich nit tsoo far - she -men

G7 C
zai - nen den ye - ho - osh, ro - sen- feld nit A - me - ri - ke

Meno Mosso

C F C F C
shtelt noch in der rei to- ro, vit-man,

G7 C G7 F C G7 C D7
deb- sn oon tvein oon noch a - zel -che on- ge - he - ri-

G7 C F C G7 Am
ke oon eer vet zen vee grois oon shein es eez doch

F G7 C
oond-zer land A - me - - ri - ke. - - - - -

ז ווײנפער

# אַמעריקע

טורעם טראָגט אַ טורעם אויפֿן רוקן,
ווערסט נישט מיד אויף זיי צו קוקן, —
זיי דערמאָנען :
וואַשינגטאָנען,
דזשעפֿערסאָנען,
און נאָך וועמען ?
לינקאָלן און רוזוועלט — אויך נישט צו פֿאַרשעמען.
זײַנען דען יהואש, ראָזנפֿעלד נישט אַמעריקע ?
שטעלט נאָך אין דער ריי: טאָראָ, וויטמאַן, דעבס און טוויין,
און נאָך אַזעלכע אָנגעהעריקע,
און איר וועט זען, ווי גרויס און שיין
עס איז דאָך אונדזער לאַנד אמעריקע.

# ICH DEINER, DOO-MEIN

## (I'M YOURS, YOUR MINE)

Words by CHAIM SCHWARTZ

Music by ADOLPH MANN

Moderato

D
Li-ber fri - ling - - - iz ge - ku - men - - - un far-

Ebdim B7 Em
fleitzt di velt mit shein - - - - - - klingt in

Em A7 D
hartz a shti - ler ni - gn - - - ich bin

A7 D
dei - ner - - - du bizt mein - - - klingt in

Em bm
hartz a shti - ler ni - gn - - - ich bin

F#7 Bm
dei - ner - - - - du bizt mein - - - - - - - bloi der

Bm F#7 Bm
hi - - -ml - - - - green di lon - kes - - - un di

Bm B7 Em
luft shmekt zees vi vein - - - - -trogt zich

Em Bm
shtoltz fun a - le zei - t'n - - ich bin

F#7 Em6 F#
dei - ner - - - - du bizt mein - - - - - trogt zich

Em Bm
shtoltz fun a - le zei - tn - - - - ich bin

D A7 D
dei - ner - - - du bizt mein - - - - - -

חיים שוואַרץ

# איך — דיינער, דו — מיין

ליבער פֿרילינג איז געקומען
און פֿאַרפֿלייצט די וועלט מיט שיין;
קלינגט אין האַרץ אַ שטילער נגון:
איך בין דיינער, דו ביסט מיין.

בלוי דער הימל, גרין די לאָנקעס,
און די לופֿט שמעקט זיס ווי ווייַן;
טראָגט זיך שטאָלץ פֿון אַלע זייטן:
איך בין דיינער, דו ביסט מיין.

אויס מיט קעלט און אויס מיט ווינטן,
אויס מיט איינזאַמקייט און פּיין;
זינגט באַזונדער יעדעס גרעזל:
איך בין דיינער, דו ביסט מיין.

ברייט מיין האַרץ איז איצט געוואָרן,
נעמט די גאַנצע וועלט אַריין;
כ׳בין אין גאַנצן בלויז איין נגון:
איך בין דיינער, דו ביסט מיין.

# TSOO DEE HELD'N FOON GHETTO

## (TO THE HEROES OF THE GHETTO)

Words by K. FRIEDMAN

Music by ADOLPH MANN

Andante con moto

Var- she, main heim-shtot,main hel - di -she Var - she, dee fo - nen foon
bloo -ti - ke ra - che tse - fla - tert, mit fois - tn far - bail -te, mit
tsei-ner far- krits-te, far le - bns, far yoo - gnd far - pai - nikt, far-
ma - tert es le - kn dee fla- men dee shto - tee - she moi - rn dee
erd vert tse- floch-tn in toi - zn - ter kar - bn, der hi - ml, der
Var - she - ver hi - ml der groi -yer, . far - vol -knt, dee hel - dn vos
kem - fn oon shtar - bn, dee hoi - fn dee ke - lers, dee shtee- gn tse-
drei - te, dee hei - men dee or - me, foon zoon -licht far-shtel - te, oon
ye - de -rn shtee-b'l es tsap-ln zeech le - bns, oon ho - fn, oon ben - kn noch
zoon teg tse hel -te Var -she, main heim shtot,main hel- di -she Var - she,main
harts oon main le - bn, mit deer iz tsoo- za - men toi- zn- ter bro -ches far
hel -di - she kem-per shik eech tsoo deer eetst;doorch fai-yer oon fla- men.

קלמן פרידמאַן

# צו די העלדן פֿון געטאָ

וואַרשע, מיין היים שטאָט, מיין העלדישע וואַרשע,
די פֿאָנעו פֿון בלוטיקע ראַכע צעפֿלאַקערט;
מיט פֿויסטן פֿאַרביילטע, מיט ציינער פֿאַרקריצטע,
פֿאַר לעבענס, פֿאַר יוגנט פֿאַרפּייניקט, פֿאַרמאַטערט.

עס לעקן די פֿלאַמען די שטאָטישע מויערן,
די ערד ווערט צעפֿלאַכטן אין טויזנטער קאַרבן;
דער הימל, דער וואַרשעווער הימל, דער גרויער,
פֿאַרוואָלקנט די העלדן וואָס קעמפֿן און שטאַרבן.

די הויפֿן, די קעלערס, די שטיגן צעדרייטע,
די היימען די אָרעמע פֿון זון־ליכט פֿאַרשטעלטע
אין יעדערן שטיבל עס צאַפּלען זיך לעבנס,
און האָפֿן און בענקען נאָך זון־טעג צעהעלטע.

וואַרשע, מיין היים שטאָט, מיין העלדישע וואַרשע,
מיין האַרץ און מיין לעבן, מיט דיר איז צוזאַמען,
טויזנטער ברכות פֿאַר העלדישע קעמפֿער,
שיק איך צו דיר איצט דורך פֿייער און פֿלאַמען.

# GUTE TSAIT'N
## (GOOD TIMES)

Words by ITZIK FEFER

Music by ADOLPH MANN

Moderato

C Em Am G7 C G7 C Am

Ch'freg dem free - ling, zol er zo - gn vos er loift a-

G G7 Am E7 Am E7 Am

zoi ge - shvind shtro - men tro - gn zeech un tro - gn

D7 Ebdim E7 Am C G C7 A7

fleet der free - ling mi - tn vint. s'vil der zu - mer

Dm Em G7 Am Ebdim E7 Am

im der - yo - - gn vart a vai - le nit a - tsind

Am G7 C G C Em C7 A7 Am E

nor der zoo-mer vil nit var-tn s'iz dee zun shoin heis un grois

C G Em E7 Am Dm7 Ebdim E7 Am

in a gree-nem zu - mer gor- tn fleet di run - de erd for - ois.

איציק פעפער

# גוטע צייטן

1

כ׳פרעג דעם פרילינג, זאָל ער זאָגן,
וואָס ער לויפט אַזוי געשווינד,
שטראָמען טראָגן זיך און טראָגן,
פליט דער פרילינג מיטן ווינט,
ס׳וויל דער זומער אים דעריאָגן!
— וואַרט אַ ווײַלע, ניט אַצינד!

נאָר דער זומער וויל ניט וואַרטן,
ס׳איז די זון שוין הייס און גרויס,
אין אַ גר׳נעם זומער־גאָרטל
פליט די רונדע ערד פאַראויס . . .

כ׳פרעג דעם זומער, זאָל ער זאָגן,
וואָס ער לויפט אַזוי געשווינד,
האָט גערעגנט, האָט געהאָגלט,
און ווי גיך דער יול פאַרשווינדט,
ס׳וויל דער האַרבסט אים שוין דעריאָגן!
— וואַרט אַ ווײַלע, ניט אַצינד!

נאָר דער האַרבסט, ער וויל ניט הערן,
די פאַרנאַכטן ווערן קאַלט,
הענגען שוין סענטיאַבר־שטערן
אַפן וועלקענדיקן וואַלד . . .

כ׳פרעג דעם האַרבסט און זאָל ער זאָגן,
וואָס ער לויפט אַזוי געשווינד,
פון די האַרבסטיקע פאַרטאָגן
ווײַט מיט ווינטערדיקן ווינט,
ס׳וויל דער ווינטער זיי דעריאָגן!
— וואַרט אַ ווײַלע, ניט אַצינד!

2

נאָר דער ווינטער וואַרט ניט, פליט ער
אַף די דולע פערד פון שניי,
אַ משוגענער געוויטער
טוט אין רוימען אַ געשריי . . .

כ׳פרעג דעם ווינטער, זאָל ער זאָגן,
וואָס ער לויפט אַזוי געשווינד,
נאָכן שליטן פאָרט אַ וואָגן,
און דער פראָסט, ער ברענט און שינדט,
ס׳וויל דער פרילינג אים דעריאָגן!
— וואַרט אַ ווײַלע, ניט אַצינד . . .

נו, צו וואָס די פלינקע בײַטן,
און ווער טרײַבט אייך אַלע, ווער?
אין אונדזערע גוטע צײַטן
ווילט זיך לעבן מער און מער!

# BLUMEN HOB ICH FEEL GENUMEN
## (I HAVE PICKED MANY FLOWERS)

Words by K. FRIEDMAN

Music by ADOLPH MANN

Allegretto

Cm Bdim Cm G7 Cm Fm C7
Blu - men hob ich fiel ge - nu - men oon a shei - nem krants ge - floch- tn

Fm Cm Fm G7 Cm
hot zeech meer dan ois - ge - do-och- tn az doo bizt tsu mir ge koo-oo-men

Fm Cm Fm G7 Cm Fm Cm
hot zeech meer dan ois - ge - do-och- tn az doo bizt tsu mir ge koo-oo-men

Cm Gm G7 Cm D7 G7
chob ge-shtelt zei oif dem fe-ens-ter oon mit va - ser freesh ba-go-o - s'n

C7 Fm Ab Bb7 Eb
hot in shteel-keit ver ge - flo-o-s'n, chbin dein libs - ter chbin dein she-en -ster

Cm C Fm Ab G7 Cm
hot in shteel- keit ver ge- flo-o -s'n; chbin dein libs - ter chbin dein she-en -ster

Cm Bdim Cm G7 C7
oon foon benk - shaft vei ba -tsvoo-oon-gn hob ich s'bild deins lang ge - hal - t'n

Fm Cm Fm G7 Cm Bdim
oon n nee - gn deins an a-al - tn in der shteel -keit ois - ge -zoo-oon-gen

Fm Cm Fm G7 Cm Fm Cm
oon a nee - gn deins an a-al - tn in der shteel -keit ois - ge -zoo-oon-gen.

ק ל מ ן   פ ר י ד מ אַ ן

# בלומען האָב איך פֿיל גענומען

בלומען האָב איך פֿיל גענומען,
אין אַ שיינעם קראַנץ פֿאַרפֿלאָכטן.
האָט זיך מיר דאַן אויסגעדאכטן,
אַז דו ביזט צו מיר געקומען.

כ׳האָב געשטעלט זיי אויפֿ׳ן פֿענצטער
און מיט וואָסער פֿריש באַגאָסן,
האָט אין שטילקייט ווער געפֿלאָסן
כ׳בין דיין ליבסטער, כ׳בין דיין שענסטער.

און פֿון ביינקשאַפֿט ווי באַצוואונגען,
האָב איך ס׳בילד דיינס לאַנג געהאַלטן
און אַ ניגון דיינס אַן אַלטן,
אין דער שטילקייט אויסגעזונגען.

# IN DEE VEISE BERG

## (IN THE WHITE MOUNTAINS)

Words by I. WINITSKY

Music by ADOLPH MANN

MODERATO

Em Em G Em
Vos ke - nen meech a - rn dee shto - ti - she na - rn mitn

E7 Am
gan - tse - nem shto - ti - shn shpoor; Oif

Ebdim Em Em
bar - gi - kn land a - lein tsoo ba - nant chba-

C Am B7
voon - der dee shei - ne na - toor Oif

Ebdim Em
bar - gi - kn land a - lein tsoo ba - nant chba-

B Em D7
voon - der dee shei - ne na-toor dee

G D7 G
berg oon dee to - ln ver kon dos gor mo - ln dee

C E7 Am
shein - keit dem pracht foon dem glants foon

Am D7 G C G
tsvei - gn oon ble - ter foon bloo - men dee ge - ter mit

Am D7 G
ga - ve zeech flech - tn a krants foon

C D7 G
tsvei - gn oon ble - ter foon bloo - men dee ge - ter mit

Am B7 Em
ga - ve zeech fleech - tn a krants.

י. ווינ יצקי

# אין די „ווייסע״ בערג

וואָס קענען מיך אַרן
די פּאָטאָטישע נאַרן
מיטן גאַנצענעם שטאָטישן שפּור?
אויף באַרגיקן לאַנד,
אליין צי באַנאַנד —
כ׳באַוואונדער די שיינע נאַטור.

די בערג און די טאָלן —
ווער קען דאָס גאָר מאָלן
די שיינקייט, דעם פּראכט און דעם גלאַנץ?!
פון צווייגן און בלעטער
און בלומען, די געטער —
מיט גאוה זיך פלעכטן אַ קראַנץ.

דער וואַלד איז אין דרימל,
די בערג און דער הימל —
זיי ריידן אַ זעלטענע שפּראַך.
ביים שיין פון לבנה
(ניטאָ קיין סכנה)
איך שטיף מיט די קינדער און לאַך.

און יעדן פרימאָרגן
(איך קען ניט פאַרבאָרגן)
איך פיל ווי צו קושן די ערד!
כ׳צעשטער מעדיצינען
וואָס כ׳קען נאָר געפינען —
וואָס האָבן זיי דאָ פאַר אַ ווערט?

# GEDENKSTU MEIN CHAVER?

## (DO YOU REMEMBER, MY FRIEND?)

Words by K. FRIEDMA — Music by ADOLPH MANN

Moderato

Em B7 Em B7
Ge - denkst tu mein cha - ver dos shte t'l dos klei - ne in

Em Am
vel - chn mir zei - nen ge - vo - rn der- tso-oi-g'n di

B7 Fm Ebdim Em
fel - der di vel - der di lon - kes di gree-ee-ne di

Am B7 Em F♯dim B
heiz- lach vos shte - yen gants ni - drik ge - bo-oi-gn ge-

G Am B7 Ebdim Em
denkst - tu dos tei- - chl een vel - ch'n nit ein mol meer

Em B7 Em F♯7 B
ho - bn in hits zeech der - kvikt oon der - frisht oon

G Am B7 Ebdim Em
fil mol mir fle - gn nor ku - kn oon shvei - gn ven

C F♯dim B7 Em D.S. al Coda
s'hot zich der him -'l mit va - - ser ge - koosht. der

CODA

Am B7 Em Am B
ve - ln shoin kein - mol nit koo - men tsoo - rik.

קלמן פרידמאַן

# געדיינקסטו מיין חבר

געדיינקסטו מיין חבר דאָס שטעטל דאָס קליינע
אין וועלכן מיר זענען געוואָרן דערצויגן
די פֿעלדער, די וועלדער, די לאָנקעס די גרינע
די הייזלעך וואָס שטייען גאַנץ־נידריג געבויגן.

געדיינקסטו דאָס טייכל אין וועלכן ניט איינמאָל
מיר האָבן אין היץ זיך דערקוויקט און דערפֿרישט,
און פֿיל מאָל מיר פֿלעגן נאָר קוקן און שווייגן
ווען ס'האָט זיך דער הימל מיט וואַסער געקושט.

און אויכעט די זון יענע ליכטיקע העלע,
וואָס האָט אונדזער שטעטל באַשטראַלט און באַגלאַנצט.
געדיינקסט נאָך ווי ס'האָבן די גאָלדענע שטראַלן
אין האַרצן אונדז ביידן די טרוימען געפֿלאַנצט.

געדיינקסטו די מיידלעך פֿון שטעטל מיין חבר,
וואָס פֿלעגן דערזען אונדז פֿאַרשעמטע פֿאַרשוואונדן,
און האָבן פֿון ווייטן דורך פֿלאַמיקע בליקן
אַ פֿייער פֿון ליבע אין האַרץ אונדז געצונדן.

דערמאָנסטו אַמאָל זיך מיין חבר אין פֿרעמד דאָ,
ווען יאָגסט זיך פֿאַרהאָוועט נאָך לעבן און גליק,
און ביינקסט אויך ווי איך איצט נאָך יאָרן פֿון יוגנט
וואָס וועלן שוין קיינמאָל ניט קומען צוריק.

# EFSHER VEISTU VOS DOS EEZ?

## (DO YOU KNOW WHAT IT IS?)

Words by: DORAH TEITELBAUM

Music by ADOLPH MANN

ANDANTE

Fm

Ef - sher veis - tu vos dos iz? nit kein

Ab Fm

shverd nit kain shpeez, nor es

Db F7 Bbm

shtecht a - zoi un shtecht durch dee

Edim F7 Bbm

teg un durch dee necht; dee velt iz

Db Ab

grois, dee velt iz breit, nor far dee

F F7 Bbm

oi - gn shten - dik shteit zain

Ed im Fm Db Bbm

u - me - tik ge - shtalt vee a let - ster boim

Fm Bbm Fm Eb7 Fm

in a ois - ge - hak - tn vald.

# אפשר ווייסטו וואָס דאָס איז ?

אפשר ווייסטו וואָס דאָס איז ?
ניט קיין שווערד, ניט קיין שפּיז,
נאָר עס שטעכט אַזוי און שטעכט
דורך די טעג און דורך די נעכט.

די וועלט איז גרויס, די וועלט איז ברייט,
נאָר פאַר די אויגן שטענדיק שטייט
דיין אומעטיק געשטאַלט,
ווי אַ לעצטער בוים אין אַן אויסגעהאַקטן וואַלד.

אפשר ווייסטו וואָס דאָס מיינט ?
כ׳האָב אַ גאַנצן טאָג געוויינט
און איך הויב ניט אָן צו וויסן
פאַרוואָס די טרערן פליסן, פליסן.

יעדער טרער — אַ רעגנבויגן
מיטן פלאַם פון דיינע אויגן,
פאַלט צו ברוסט צו מיינער צו
און גלעט און וואַרעמט מיך ווי דו.

קלייב איך טרערן, קלייב און קלייב
אויף מיין פּנים, אויף מיין לייב,
און די בענקשאַפט מיט זיי שטיל,
און דעם פייער מיט זיי קיל.

כ׳קלייב די טרערן ביז ס׳קומט דער שלאָף
און שרעקט דעם צער ווי אַ שער די שאָף,
און וויקלט איין מיך אין אַ קנויל
און דעקט מיך צו מיט אָטעם פון דיין מויל.

# PERL SCHNEER

## (STRING OF PEARLS)

Words by K. FRIEDMAN

Music by ADOLPH MANN

Andante

Tsee ich oyf a shneer mit pe - rl, eins bei

eins a-durch ge - kli - b'n, ef-sher vet dos zein a sgu - le, s'zo-l'n

shey - ne meid-lach lee - b'n, ef-sher vet dos zain a sgu - le s'zo-l'n

shey - ne meid-lach lee - b'n, too ich on dee shens. te kley - der gey a-

vek in brei-te ga - s'n kook oyf ye - de mey -d'l hel - z'l ve -men

ve - l'n pe-r'l pa - sn, kook oyf ye - de mey -d'l hel - z'l ve -men

ve - l'n pe -r'l pa-s'n

Coda

far di pe- rl schneer.

קלמן פֿרידמאַן

# פּערל־שנור

צי איך אויף אַ שנור מיט פּערל
איינס ביי איינס אַדורך געקליבן,
אפֿשר וועט דאָס זיין אַ סגולה,
ס׳זאָלן שיינע מיידעלעך ליבן.

טו איך אָן די שענסטע קליידער
גיי אַוועק אין ברייטע גאַסן.
קוק אויף יעדע מיידל־העלדזול
ווען וועלן פּערל פּאַסן.

גייען מיידלעך צאַרט־פּאַרטרוימטע,
הויבט דאָס האַרץ מיינס האַסטיג שלאָגן,
פּערל האָב איך, מיידלעך — שיינע,
וויל איך הויך, פֿאַר אַלע זאָגן.

אָבער כ׳שעם זיך פֿרעמדע מיידלעך.
בעסער אומגיין שטיל און שווייגן
און פֿאַרנאַכט די שענסטע מיידל
אין אַ זייט די פּערל צייגן.

און איר זאָגן שטיל אין אויער:
טראָג זיי קינד געזונטערהייט דיר,
בלויז אַ ביסל טרייע ליבע
בעט איך פֿאַר די פּערל־שניר.

# BENKSHAFT

## (LONELINESS)

Words by K. FRIEDMAN — Music by ADOLPH MANN

Em F♯dim Em Abdim Am
Ma-me lee - be tra - ye ma - me shikst alts treist brif meer -

Am Em F♯dim Em C
her, doch eech feel in ye-e- dn bree - vl

Am B7 Em C G
shikst doo mit a hei -sn trer. chlez di ver - ter e - pes

C G Am
blas- lich vee foon de i - ne trer'n op-ge - shvenkt chfeel do

F♯dim Em B7
ma - me vee dein he - erts dir noch dein e -lend kind es

Em Am B7 Em
benkt chfeel do ma - me vee dein he- erts dir

B7 Em F♯dim
noch dein e -lend kind es benkt zeets eech do bei mir in

Em Abdim Am Am E
shtee - bl feel dein shve - rn vei oon pein oon nit

F♯dim Em C C Am B7
ein - mol ma- a -me trei - ye zeets ich sho-en lang un

Em C Am6 B7 Em
vein zeets eech sho - en lang oon vein.

קלמן פֿרידמאַן

# בענקשאַפֿט

מאַמע ליבע, טרייע, מאַמע
שיקסט אַלץ טרייסט־בריוו מיר אַהער.
דאָך איך פֿיל אין יעדן בריוול
שיקסט דו מיט א הייסע טרער.

כ׳לעז, די ווערטער — עפּעס בלאַסלעך,
ווי פֿון טרערן אָפּגעשווײנקט.
כ׳פֿיל דאָ מאַמע ווי דיין האַרץ דיר
נאָך דיין עלנד קינד עס בײנקט.

זיץ איך דאָ ביי מיר אין שטיבל,
פֿיל דיין שווערן וויי און פּיין,
און ניט איין מאָל, מאַמע טרייע,
זיץ איך שעה׳ן לאַנג און וויין.

# A VIG LID AZA

(A LULLABY)

Words by DORAH TEITELBAUM

Music by ADOLPH MANN

G7 Cm F♯dim Cm

Shlof shoin shlof shoin tach - shet mai - ner ay - lu - lu

Gm F♯dim G G7 Cm Ab

lu ay - lu - lu - lu vee - feel darf ich tsu deer

Bdim Cm C7 Fm

tai - nen biz du machst di oi - gn tsu vee - feel

G7 G7

darf ich tsu deer tai - nen biz du machst dee oi - gn

Cm Eb Ab Eb

tsu ze nor ze di zoon far - geit shoin s'vet nit

G7 Ab

hel - f'n dain ge - vein ye - des oi - fe - le far-

Bdim Cm Fm G7 Cm

shteit shoin az s'iz tsait tsu shlo - fn gein.

ד אָ ר א   ט י י ט ע ל ב ו י ם

# אַ וויג־ליד אַזאַ

ווערטער פֿון דאָרא טייטעלבוים

שלאָף שוין, שלאָף שוין, טכשיט מיינער,
אַי ליו־ליו־ליו, אַי לי־ליו־לו.
וויפֿיל דאַרף איך צו דיר טענה׳ן,
ביז דו מאַכטס די אויגן צו.
וויפֿיל דאַרף איך צו דיר טענה׳ן,
ביז דו מאַכסט די אויגן צו.

זע נאָר זע: די זון פֿאַרגייט שוין,
ס׳וועט ניט העלפֿן דיין געוויין;
יעדעס עופֿה׳לע פֿאַרשטייט שוין,
אַז ס׳איז צייט צו שלאָפֿן גיין.

האָסט געגנוג געטאָן היינט שאָדן,
כ׳האָב געהערט שוין פֿון די שכנים.
כ׳פֿרעג אין ווענען ביזט געראָטן,
כ׳קען ניט לאָזן דיך ביי קיינעם.
כ׳פֿרעג אין ווענען ביזט געראָטן,
כ׳קען ניט לאָזן דיך ביי קיינעם.

האָסט אַ שויב אין קיך צעבראָכן,
מאַך די אויגן צו און שוויג.
שוין באַלד קנאַפּע דרייצן וואָכן,
אַז דער טאַטע דיינער סטרייקט.

כ׳קום אַ היים פֿון שאַפּ אַ מידע,
און די ביינער טוען וויי.
דאַרף איך דיר נאָך זינגען לידער
און דערציילן מעשיות צוויי.
דאַרף איך דיר נאָך זינגען לידער,
און דערציילן מעשיות צוויי.

שלאָף שוין, שלאָף שוין, טכשיט מיינער,
ווי לאַנג וועל איך דיר נאָך וויגן?
הערסט, עס גייט דער טאַטע דיינער,
זייער אַ מידער אויף די שטיגן.

ער וועט אַהיים ברענגען אוודאי,
זיין בייזקייט און דעם טרויער.
פֿאַרוואָס עס בייזערט זיך דיין טאַטע,
וועסט פֿאַרשטיין אַמאָל געטרייער.
פֿאַרוואָס עס בייזערט זיך דיין טאַטע,
וועסט פֿאַרשטיין אַמאָל געטרייער.

אַי ליו־ליו־ליו, אַי ליו־ליו־ליו,
לאָז דיין מאַמע שוין צורו.
אַי ליו־ליו־ליו, אַי ליו־ליו־ליו,
ס׳וויינט אַ מאַמע ערגעץ וואו.

# GHETTO VIEG LID

## (GHETTO LULLABY)

Words by K. FRIEDMAN

Music by ADOLPH MANN

Shlof mein kind es e-ez shoyn shpet - - in der shteel foon nacht a - tsind

zol zich vu der-tro-gn mein ge- bet--- un a tfeele far dir kind chmur- ne vol - kns

dek'n' tsu di him -len a bei -zer vint er yo-gt un dreit seez dein le - bn

o - o-rem kind meins bloiz a keit foon pain un laid kin - der bet - lach

foon shtroy ge - floch - tn sho-tns hi-ln ain di vent nit kain ne - men

fo - on di kin - der bloiz a noomer oif di hent shlof mein kind tzum

be - tl ge- too- liet - - - - -shlof in roo shlof on zo-or-gn er - gets voo shoin

hoibt on to - gn s'vert g'boi- rn a na - yer mor - gn chmarne vol - kns

de-kn tzu di shve-re himlen oon a vint er yogt un dreit zol di tsu-kunft

brengen far dir kind mains chotsh a bi-sl glik un freid shlof mein kind es

eez shoyn shpet - - in der shtil fun nacht a - tsind - - - zol zich voo der-

tro - gn main ge - bet - - - - - oon a tfi - le far dir mein kind.

קלמן פרידמאַן

# גערטאַ וויג־ליד

שלאָף מיין קינד עס איז שוין שפעט,
אין דער שטיל פון נאַכט אַצינד;
זאָל זיך וואו דערטראָגן מיין געבעט
און אַ תפילה פאַר דיר קינד.
כמורנע וואָלקנס דעקן צו די הימלען,
אַ בייזער ווינט, ער יאָגט און דרייט.
ס'איז דיין לעבן אָרעם, קינד מיינס,
בלויז אַ קייט פון פיין און לייד.

קינדער בעטלעך פון שטרוי געפלאָכטן,
שאָטנס הילן איין די ווענט;
ניט קיין נעמען פון די קינדער,
בלויז אַ נומער אויף די הענט.
שלאָף מיין קינד צום בעטל געטוליעט,
שלאָף אין רו, שלאָף אָן זאָרגן;
ערגעץ וואו שוין הויבט אָן טאָגן,
ס'ווערט געבאָרן אַ נייער מאָרגן.

כמורנע וואָלקנס דעקן צו די שווערע הימלען,
און אַ ווינט ער יאָגט און דרייט;
זאָל די צוקונפט ברענגען פאַר דיר, קינד מיינס,
כאָטש אַ ביסל גליק און פרייד,
שלאָף מיין קינד, עס איז שוין שפעט
אין דער שטיל פון נאַכט אַצינד,
זאָל זיך וואו דערטראָגן מיין געבעט,
און אַ תפילה פאַר דיר, מיין קינד.

# CHURB'N VARSHE
## (WARSAW LAMENT)

Words by K. FRIEDMAN

Music by ADOLPH MANN

ANDANTE

Yis-ga-dal ve-yis-ka-dash mein yid-di-she Var-she; oif kvo-rim oon choor-ves mein
bloo-tik ge vein; voo zai-nen dee hei-men voo zai-nen dee shtee-b'n oon
voo iz dee erd oif vel-che chzol gein? voo iz der zoon-ni-ker hi-ml der
blo-yer? voo iz dee shto-ti-she freid foon a-mol? choo-re-ve hai-zer bloiz
shta-rn tsoom hi-ml, oon s'blon-dzet dos oig oif berg oon oif tol. es tsi-yen zeech
rei-yen sho-tns far-shtim-te mein oig hot ge-foo-nen a yeed in ge-gei foon
er-gets voo zet zeech a plei-tse ge-boi-gn es geit oich a yeed mit zain
bloo-ti-kn vei, es tre-tn dee fees oif yee-di-she kvo-rim oif le-bn far
bren-te der-shtikt in ge-vein dos harts bloiz es tsa-pl't mit angst-li-ch'n vei-tik in
pain oon ye-soo-reem ich halt in ein gein, ot do iz ge-ve-zn main heim foon ge-
boi-r'n do hot main yoo-g'nt ge-bi-tert in noit; oon itst oi-fn veg foon main
yoo-g'nt zee-ko-rn ba-vein ich main heim shtot foon oom-koom oon toit.

קלמן פרידמאן

# חורבן וואַרשע

יתגדל ויתקדש — מיין אידישע וואַרשע,
אויף קברים, אויף חורבות מיין בלוטיק געוויין.
וואו זיינען די היימען, וואו זיינען די שטיבן,
וואו איז די ערד אויף וועלכער כ'זאָל גיין.

וואו איז דער זוניקער הימל דער בלויער?
וואו איז די שטאָטישע פרייד פון אַמאָל,
חרוב'ע הייזער, בלויז שטאַרן צום הימל,
און ס'בלאָנדזשעט דאָס אויג נאָר אויף באַרג און אויף טאָל.

עס ציען זיך רייען ווי שאָטנס פאַרשטומטע,
מיין אויג האָט געפונען אַ איד אין געגעה,
פון ערגעץ־וואו זעט זיך אַ פלייצע געבויגן,
עס גייט אויך אַ איד מיט זיין בלוטיקן וויי.

עס טרעטן די פיס איצט אויף אידישע קברים,
אויף לעבנס פאַרברענטע דערשטיקט אין געוויין.
דאָס האַרץ בלויז עס צאַפלט אין אַנגסטלעכן ווייטיק,
אין פיין, אין יסורים איך האַלט אין איין גיין.

אט דאָ איז געוועזן מיין היים פון געבוירן,
דאָ האָט מיין יוגנט געביטערט אין נויט,
אין איצט אויפן וועג פון מיין יוגנט זכרון,
באַזוין איך מיין היים־שטאָט פון אומקום און טויט.

# DER HYMN FUN DER HAGANAH

## (THE HYMN OF THE HAGANAH)

Words by M. BEREZ

Music by ADOLPH MANN

March Tempo

G D G

Ba - netzt di erd mit blut un mit tre - rn - - - - - ho bn

C G

Yi - dn far tsvei toi-znt yor - - - - - - a - le

Bm F♯7 B

an - de - re len - der ge- ge - bn - - - - kur-

C F♯7 B

bo - nes fun zich on a tzol - - - - a

E E7 Am

heim in dem ei - gn land - - - - durch

F F♯7 B

doi - res fun zei far - langt - - - - - di

C Em Am

shend - li - che la - te fun van - der yid - - - - mit

D7 D 7 G

shtolts raist a - rop un far - brent - - - - -.

מאַניאַ בערעז

# דער הימן פֿון דער הגנה

באַנעצט די ערד מיט בלוט און מיט טרערן
האָבן אידן פֿאַר צוויי טויזנט יאָר,
אַלע אַנדערע לענדער געגעבן
קרבנות פֿון זיך אָן אַ צאָל
אַ היים אין דעם אייגן לאַנד
דורך דורות פֿון זיי פֿאַרלאַנגט
די שענדלעכע לאָטע פֿון וואַנדער איד
מיט שטאָלץ רייסט אראָפּ און פֿאַרברענט.

די היסטאָרישע שעה האָט געשלאָגן
געקומען איז דער גרויער טאָג
אונדזער חלום איז פֿאַרווירקלעכט געוואָרן.
אַהיים קום, אַהיים אידיש פֿאָלק,
אַ פֿאָלק צווישן פֿעלקער גלייך,
מיט כבוד און ווירדע רייך.
און איבער ישראל פֿון היינט אָן
זאָל פֿלאַטערן די ווייס־בלויע פֿאָן.

אַ לויב צו די אידישע קעמפֿער,
אַ לויב צו אונדזער הגנה,
דעם שונא מיט קוילן זיין ענטפֿער.
צום ביקס יעדע פֿרוי, יעדער מאַן
פֿאַראייניקט אין הייליקן קריג,
ביז צו אַ זיגרייכן זיג.
די אידישע פֿאָן פֿלאַטערט פֿריי,
אויף אייביק אין לאַנד ישראל.

# FREIHEIT

(FREEDOM)

Words by K. FRIEDMAN

Music by ADOLPH MANN

Moderato

Em / C / D7
S'taeet a-heen zeech main ne - sho - - me voo dee bloo -men ei- bik

G / G7 / E7 / Am
blee - - yen, oon foon blee - ung vel ich ve - - bn

D / G / G7 / E7
nai - ye frei-heits me -lo - dee - yen, oon foon blee - ung vel ich

Am / G / C / D7 / B7 / Em
ve - - b'n nai - ye frei-heits me- lo - dee - yen.

קלמן פֿרידמאַן

## פֿרייהייט

ס׳ציט אַהין זיך מיין נשמה
וואו די בלומען אייביק בליהען;
און פֿון בליהונג וועל איך וועבן
נייע פֿרייהייטס מעלאָדיען.

וואו עס בלענדט די זון מיט העלקייט
און מיט לוסט איז פֿול דאס לעבן;
וועל איך דאָרט פֿון זונען־שטראַלן
מיר מיין פֿרייהייטס ליד אויסוועבן.
פֿריילעך, מונטער, פֿול מיט האָפֿנונג
וועט מיין פֿרייהייטס־ליד דאַן שאַלן,
און עס וועלן פֿון אים פֿליסן
פֿרישע זיסע לעבנס קוואַלן.

## THE STAR-SPANGLED BANNER

Oh say! can you see by the dawn's early light,
What so proudly we hailed at the twilight's last gleaming?
Whose broad stripes and bright stars, through perilous fight,
O'er the ramparts we watch'd were so gallantly streaming?
And the rockets' red glare, the bombs bursting in air,
Gave proof through the night that our flag was still there.
Oh, say, does that Star-spangled Banner yet wave
O'er the land of the free and the home of the brave?

## HATIKVAH

Kol od ba-le-vov pni-mah
Ne-fesh ye-hudee ho-mi-yah
Ul-fa-atei miz-rach kadi-mah
A-in l'tzi-on tzo-fi-yah
Od lo av-dah tik-va-te-nu
Ha-tik-va ha-no-sha-nah
La-shuv l'e-retz, a-vo-te-nu
Ir ba Da-vid cha-nah.

ה י ר ש  ג ל י ק

## זאָג ניט קיינמאָל

ליד פֿון די אידישע פּאַרטיזאַנען

זאָג ניט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
הימלען בלייענע פֿאַרשטעלן בלויע טעג.
קומען וועט דאָך אונדזער אויסגעבייינקטע שעה,
ס'וועט אַ פויק טאָן אונדזער טראָט, מיר זיינען דאָ.

פֿון גרינעם פּאַלמען לאַנד ביזן לאַנד פֿון ווייסן שניי,
מיר קומען אָן מיט אונדזער פּיין, מיט אונדזער וויי.
און וואו געפֿאַלן איז אַ שפּריץ פֿון אונדזער בלוט,
שפּראָצן וועט דאָרט אונדזער גבורה, אונדזער מוט.

ס'וועט די מאָרגן זון באַגילדן אונדז דעם היינט,
און דער נעכטן וועט פֿאַרשווינדן מיטן פֿיינט.
נאָר אויב פֿאַרזאַמען וועט די זון און דער קאַיאָר,
ווי אַ פּאַראָל זאָל גיין דאָס ליד פֿון דור צו דור.

דאָס געשריבן איז מיט בלוט און ניט מיט בליי,
ס'איז ניט קיין לידל פֿון אַ פֿויגל אויף דער פֿריי,
דאָס האָט אַ פֿאָלק צווישן פֿאַלנדיקע ווענט
דאָס ליד געזונגען מיט נאַגאַנען אין די הענט.

דער קאָמפּאָזיטאָר דריקט אויס זיין וואונטש, אַז זיין איינציקער פֿאַרגעניגן וועט זיין, אַז זיין בוך „געזאַנגען פֿאַר מיין פֿאָלק" זאָל זיך געפֿינען אין די אידישע היימען, שולן, צענטערס, און געזונגען ווערן איבעראַל. דאָס וועט אים געבן מוט פֿאַר ווייטערדיקע שאַפֿונגען און דאָס וועט זיין זיין איינציקע באַלוינונג. דאָס בוך איז ניט געשאַפֿן געוואָרן צוליב פֿינאַנציעלע צוועקן אָדער פֿאַרדינסטן. דאָס בוך קאָסט איין דאָלאַר. אָרגאַניזאַציעס וועלכע וועלן פֿאַרקויפֿן דעם בוך, וועלן קריגן 25 סענט פֿון יעדן דאָלאַר פֿאַר וויכטיקע צוועקן צו העלפֿן די אידן אויף יענער זייט ים.

עס איז דאָ ווערט צו דערמאָנען וועגן מר. אַדאָלף מאַן און זיין היים אין עלסינאָר, קאַליפֿאָרניע, וועלכע איז אַ מוזיק צענטער פֿאַר זיך אַליין. זיין הויז איז אַלע מאָל פֿול מיט מענטשן, וועלכע זיינען פֿאַראינטערעסירט אין אידישע געזאַנגען. אַ גרופּע זינגער אין עלסינאָר לערנען זיך זיינע לידער און זיי זינגען זיי צו אונדזערע אונטערנעמונגען. עס קומען צו אים סיי אידן, סיי קריסטן. ער איז ביי אַלעמען באַליבט. געזעלשאַפֿטלעך איז מר. אדאָלף מאַן זייער טעטיק. אין ניו יאָרק איז ער געווען דער פּרעזידענט פֿון די וואַרשעווער יאָנג מענס אין בראָנזוויל, אויך וויס־פּרעזידענט פֿון קאונסיל פֿון וואַרשעווער אידן אין ניו יאָרק, און איז איצט דער פּרעזידענט פֿון דער פֿעדעראַציע פֿאַר פּוילישע אידן אין לאָס אנדזשעלעס. אויך ביי אונדז אין עלסינאָר האָט ער געהאָלפֿן שאַפֿן אַ אידישע ביבליאָטעק.

מיר, די עלסינאָרער איינוואוינער, פֿילן זיך גליקלעך צו האָבן מיט אונדז אַזאַ טייערן מענטשן. די שיינע נאַטור דאָ, העלפֿט מר. מאַנ'ען שאַפֿן די שיינע מוזיק, ווייל ער זאָגט אַז די אידן וועלכע דאַרפֿן ברויט, מוזן אויך האָבן מוזיק, ווייל מוזיק שטאַרקט שוועדע געמיטער.

עס איז אַ שאַד וואָס דער פּלאַץ דערלויבט ניט אויסצורעכענען אַלע נעמען פֿון זיינע פֿריינט און פֿאַרערער. מיר פֿילן, אַז עס איז פֿאַר אונדז דאָ אין עלסינאָר, אַ גרויסער כבוד צו האָבן מיט זיך אַדאָלף מאַנ'ען און מיר פֿילן זיך גליקלעך וואָס מיר העלפֿן אין דער אַרבעט צו פֿאַרשפּרייטן דעם בוך, ווייל ער האָט זיך דאָ באַליבט געמאַכט ביי אַלעמען מיט זיין כאַראַקטער און זיינע פֿיינע שאַפֿונגען. זאָל זיין שאַפֿונג זיין געקרוינט מיט גרויס דערפֿאָלג און קענען אָנגיין מיט זיין גוטער אַרבעט פֿאַר נאָך אַ סך יאָרן, אום צו שאַפֿן נאָך ביכער פֿול מיט געזאַנגען פֿאַר מיין און זיין פֿאָלק.

י. ל ע ד ע ר.

---

האַרציקער און טייערער חבר, אַדאָלף מאַן: —

מיט אַ געפֿיל פֿון פֿרייד שרייב איך אָט די עטלעכע שורות, צו אַ נאָענטן חבר, ליבן מענטשן, און פֿיינעם מוזיקער. מיט פֿרייד דערפֿאַר, ווייל עס קומט צו אויך דער אידישער גאַס אַ בוך וואָס וועט, האָף איך, אויף אַ באַשיידענעם אופֿן צוזאָגן אַ סך יום־טובדיקייט צווישן די ברייטע אידישע פֿאָלקס־מאַסן.

און אַ באַזונדער האַרציקן חברשן דאַנק, פֿאַר אַנטאָן מיר דעם כבוד פֿון באַקליידן מיינע לידער מיט אַזעלכע פּראַכטפֿולע טיף־פֿילענדע מעלאָדיעס. איך האָף, אַז דער בוך וועט וואַרעם אויפֿגענומען ווערן אין דער אידיש־מוזיקאַלישער וועלט מיט ליב און אַנערקענונג.

חבריש, **קלמן פֿרידמאַן.**

גענעראַל סעקרעטאַר פֿון אַמעריקאַנער קאונסיל
פֿאַר וואַרשעווער אידן, אינק., ניו יאָרק.

I. LAPINSKI
MR. & MRS. M. SCHNEK
MR. & MRS. S. FEDERMAN
HYMIE & MARY SILVER
MR. & MRS. V. MOSCOVITZ
RALPH SILVER
ADELE RABINOVITZ
AL VIEN
YETTA ROZENBERG
HELEN FEDO
ABRAHAM ESTERSON
S. TUCHMAN
JACK SALTZ

P. KAROL
B. SHIBUTZKI
M. KLINE
IZIDOR & JABINA FRIEDMAN
DAVID NAIBERG
M. PAIDZ
I. PAIDZ
I. NORFLUS
A. SHAIK
ISRAEL FRIEDMAN
LOUIS ROTENBERG
SARAH GOPRY
ADELE FRIEDMAN

# לאָמיר זיך באַקענען מיטן קאָמפּאָזיטאָר

אַדאָלף מאַן איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1895 אין וואַרשע, פּוילן, באַ די עלטערן, אפרים און שרה מענדעזיצקי. זיין פאָטער איז געווען באַקאַנט אין פּוילן אַלס גלאָז פאַבריקאַנט און סוחר. שטודירט האָט ער אין וואַרשע, ווילנע און אויך אין דער שווייץ. אין 1914, ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די מלחמה, האָט ער גע־מוזט פאַרלאָזן זיין היים צוליב מיליטער דינסט. ער האָט זיך באַזעצט אין לאָנדאָן פאַר אַ שטיקל צייט, און שפּעטער אָנגעקומען אין אַמעריקע און דאָ געאַרבעט ביי פאַרשיידענע פאַכן. אין 1920 איז ער אַריין אין אימפּאָרט און עקספּאָרט געשעפט. דורכגעמאַכט צענדליקע רייזעס אין איראָפּע און אָנגעפירט געשעפטן מיט פּוילן. אין 1939, ווען די נאַציס זיינען שוין אַריינגעדרונגען טיף אין פּוילן, האָט ער קוים באַוויזן זיך אַרויסצוראַטעווען מיט זיין פרוי, פון אונטער זייערע נעגל און צוריק געקומען קיין אַמעריקע, נאָך אַלץ אָנגעפירט מיט זיינע געשעפטן ביז צום ענדע פון דער צווייטער וועלט־קריג. ווען זיינע דריי זין און איידעם האָבן זיך צוריקגעקערט בשלום פון דער מלחמה אַהיים, האָט ער באַשלאָסן זיך צוריקציעהן פון אַלע געשעפטן און זיך ווידער נעמען אָפּגעבן צו מוזיק, וואָס איז געווען זיין חלום נאָך פון זיין יוגנט.

צופעליג האָט ער זיך געטראָפן מיט דעם וועלט־באַרימטן קאָמפּאָזיטאָר, דזשאָרדזש טרעמבלי. זעענדיק זיינע שפּאַנישע און אויך אַמעריקאַנער פאָלקס־קאָמפּאָזיציעס וואָס אַדאָלף מאַן האָט שוין דעמאָלט געהאַט געשאַפן, האָט ער אים זייער שטאַרק דערמוטיקט אָנצוגיין מיט זיינע ווייטערדיקע שאַפונגען.

דער קאָמפּאָזיטאָר מר. מאַן, האָט צוזאַמען מיט זיין פאָלק, דורכגעלעבט די טראַגעדיע פון דעם פאַרלוסט פון אַ דריטל פון אידישן פאָלק, האָט עס אים באַ־וואויגן זיך אינגאַנצן אָפּצוגעבן צו שאַפן אידישע מוזיק. זיין ערשטע קאָמפּאָזיציע וואָס ער האָט געשאַפן צו אַ ליד, געשריבן פון זיין בעסטן פריינט קלמן פרידמאַן, „חורבן וואַרשע”. קלמן פרידמאַן האָט געשאַפן די ליד נאָך זיין באַזוך אין דער וואַרשעווער געטאָ אין 1946, אין האָט אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ אויף די חורבות פון דער געטאָ. די מוזיק האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף דעם באַרימטן מוזיקער און דיריגענט פון דעם פילהאַרמאָנישן אידישן פאָלקס־כאָר אין ניו יאָרק, מאַקס העלפמאַן. עס איז געשאַפן געוואָרן „רעקאָרדינגס” פון דעם ליד, געזונגען פון דעם כאָר מיט דעם באַרימטן חזן משה גאַנטשאָף, אַלס סאָליסט, און די רעקאָרדס ווערן געשיפּט איבעראַל.

נאָך צוויי יאָר אַרבעט האָט אַדאָלף מאַן פאַרענדיקט די קאָמפּאָזיציע „שיר השירים” (אויף ביבלישע מאָטיוון). דער באַליבטער שרייבער ג. איינבינדער (כאַ־זוער פאַזוער) האָט אים באַוואויגן צו שאַפן די ביבלישע קאָמפּאָזיציע, וואָס איז אין פיר טיילן. מר. מאַן האָט געשריבן מוזיק צו אַ היבשע צאָל לידער פון אַ רייע אידישע דיכטער ווי: קלמן פרידמאַן, ז. וויינפּער, א. סוצקעווער, איציק פעפער, דאָראַ טייטעלבוים, חיים שוואַרץ, י. וויניצקי און מאַניא בערעזו.

מיט זיין שאַפונג „ציען זיך מחנות פאַרטריבענע”, פון קלמן פרידמאַן, האָט מר. מאַן געמאַכט אַ רושם. די ליד איז ניט נאָר באַרימט געוואָרן דאָ אין לאַנד, נאָר כמעט איבער דער וועלט. אין אַלע די־פּי קעמפּס פון די אידישע פאַרוואָ־געלטע ווערט די ליד געזונגען ווען די פאַרטריבענע מחנות ציען זיך צו געפינען פאַר זיך אַן אָרט וווּ זיך צו באַזעצן. ווי איבערראשט איז דער קאָמפּאָזיטאָר געוואָרן, ווען מיט אַ שטיקל צייט צוריק, האָט ער באַגעגנט אַ ניי אַריבערגעקו־מענעם פון אַ די־פּי קעמפּ אין דייטשלאַנד און אים איבערגעגעבן ווי די ליד ווערט געזונגען אין אַלע קעמפּס אין איראָפּע.

דאָ, אין לאָס אַנדזשעלעסער כאָר, ווערט די ליד אויך געזונגען. דער באַ־ליבטער דיריגענט פון כאָר, לעאָן מאַלאַמוט, האָט די ליד דערהערט צום ערשטן מאָל און ער האָט עס גלייך גענומען פאַרן כאָר, און אויך אַנדערע כאָרן זינגען שוין דאָס ליד.

אַדאָלף מאַן האָט באַשלאָסן צו ווידמענען זיינע שאַפונגען דעם אידישן פאָלק. דערפאַר האָט ער באַשלאָסן דאָס אַרויסגעבן פון ערשטן בוך, „געזאַנגען פאַר מיין פאָלק”. עס גייען אַריין 24 לידער פון די אויבן אָנגעצייגענע אידישע פּאָעטן

הארציקער פריינט און קאמפאזיטאר אדאלף מאן: —

מיר, די אונטערגעשריבענע פריינט און פארערער, דריקן אויס אונדזער ווואונטש, אז אייער בוך „געזאנגען פאר מיין פאלק" זאל האבן דעם גרעסטן דערפאלג צווישן די ברייטסטע מאסן פון אידישן פאלק. אייערע שיינע און הארציקע מעלאדישע שאפונגען וועלן דערהויבן און שטארקן דעם גייסט פון אונדזער פאלק. מיר, אין עלסינאר, קאליפארניע, זיינען שטאלץ צו האבן אייך אלס א שטענדיקן איינוואוינער וואס איז באליבט און געשעצט פון אלע איינוואוינער אין שטאט, סיי קריסטן, סיי אידן.

לאנגע יארן אייך און מיר ווינטשן אייך גרויס דערפאלג פאר אייערע איצטיקע און ווייטערדיקע שאפונגען.

THE YIDDISH CULTURAL CLUB OF ELSINORE
THE HEBREW CONGREGATION OF ELSINORE
THE LADIES AUXILIARY OF ELSINORE
HADASSAH CHAPTER OF ELSINORE

SOPHIA ANDREWS
MRS. E. ACKERMAN
FANNIE BAUMGART
MRS. H. BUNIM
DORA BRAVERMAN
MR. & MRS. A. BEREK
MR. & MRS. M. BEREZ
MR. A. BRENER
MRS. M. BOMERT
MR. & MRS. J. BERMAN
M. J. CAPLAN
MR. & MRS. H. CHAIFETZ
MR. & MRS. M. CHERNOF
MR. & MRS. S. FRANZBLAU
MR. A. FISDELL
MR. & MRS. FLOMM
MR. & MRS. FRIEDMAN
JACK & BERTHA FEINSTEIN
FRIEND ETHEL
MR. & MRS. H. FARKES
MRS. SARAH FARKES
MR. & MRS. A. GEDIMAN
MRS. R. GOLDBERG
MR. & MRS. A. GOULD
MRS. BESSIE GELLIS
MRS. ROSE GREENBERG
REBECCA GITLIN
MR. & MRS. M. GINSBERG
MRS. ESTELLE GAMBERG
MR. & MRS. S. HALPER
MR. & MRS. H. YANOFSKY
MR. & MRS. SAM KALIN
MR. & MRS. SAM KAPLAN
MR. AARON KASHEVITZ
MRS. IDA KREIN
MR. & MRS. KERMEYER
MR. & MRS. B. KEIVIN
MR. & MRS. A. KOHEN
MRS. BESSIE KAPLAN
MR. & MRS. LANDON, JR.
MR. & MRS. D. LANDON
MR. A. LITROVNIK
MR. & MRS. LESH
MR. & MRS. Y. LEDER
MR. & MRS. M. LUTIN
MR. & MRS. LOUIS
MR. & MRS. B. MYER
MRS. ETHEL NOVIK
MR. & MRS. I. NET
MR. & MRS. H. OSOFSKI
MRS. SARAH PEROVITZ
MRS. POLOTNIKOFF
MR. MAX PORTNOI
MR. & MRS. A. PINIANSKI
MRS. R. POSNER
MR. & MRS. A. RUBINSTEIN
MRS. P. RYDER
MR. & MRS. A. RAPOPORT
MRS. M. ROZEN
MRS. ROSE ROTSTAN
MR. & MRS. J. E. SELCER
MR. & MRS. J. SHEPPER
SHAPIRO & POLANSKI
MRS. HELEN STEIN
MR. & MRS. L. SHAPIRO
MR. & MRS. J. STEINBERG
MR. & MRS. H. SHOR
MR. & MRS. J. SIEGEL
MR. & MRS. J. SELTZER
MR. & MRS. J. H. SIRIS
MR. HARRY TINTER
MR. & MRS. M. VEINER
MR. & MRS. A. WAKS
MRS. LEAH VARCHTIN
MRS. B. WEINER
MRS. SOPHIE WENGEREK
E. H. AUGUSTOWSKY
BEATRICE BEREZ
SOPHIE BEREZ
ZINA BARON
DORA BRENNER
MARY BRENNER
MANIA BRENNER
DOROTHY CHATOFF
ALICE EISENSTAT
FANNY ELKIN
MORRIS FRANKL
SAMUEL JAFFE
SHIRLEY GRINSTEIN
MRS. KRAMER
ANNA MARK
G. MESSING
JACK NASH
ANNA REIN
FLORENCE SHERMAN
FRANCIS SHUPPER
HOWIE TORN
ISAAC C. WHITE

# IN APPRECIATION

TO THE WRITERS OF THE POEMS



K. FRIEDMAN



Z. WEINPER



DORAH TEITELBAUM



MANIA BEREZ



CHAIM SCHWARTZ



I. WINITSKI

